מעינקע קאַץ

# ס׳האָט דאָס וואָרט מיין באָבע מאָינע



ניו־יאָרק, 1939

# מעינקע קאץ אין קאמף פאר זיין דיכטערישער פאזיציע

(פארווארט)

מיין שטיבל איז ארים, מיין שטיבל איז גרוי.
א פינגערל זון — א רעדעלע אומעט.
ווי א צעטראטענע רויז, די גרויס —
דרייט ארום מיר זיך ארום:

אהין, אין יענעם קליינעם שטיבל פון זיין באבען, האט זיך מעינקע קאצן פארבענקט אינמיטן דעם גרויסן ניו יארק. ער האט די גאנצע צערטלעכקייט פון זיין געמיט פארטראגן אין דעם שטיבל פון זיין באבע מאינע, וועמען א כאווער, א דיכטער, האט אזוי אומווירדיק באליידיקט. „די באבע טאלצעס טאכריכים“, באזינגט מעינקע קאץ, האט דער כאווער אים פארגעווארפן; דערביי האט ער דער באבען פארגליכן צו א „מעשונעדיקסטער שפין“.

בא מעינקע קאצן האט א צופ געטאן באם הארצן. די באבע מאינע איז געווען אן ערלעכע, ארימע הארעפאשנע פרוי פון דעם גרויען שטיבל מיט „א פינגערל זון — א רעדעלע אומעט“. זי פלעגט שיקן דעם „אויבערשטן א דאנק און א לויב“, וואס „דאס הארץ איז ניט ארעם, דאס הארץ איז ניט גרוי“. זי איז געווען א גוטע די באבע זיינע: זי פלעגט „היילן דעם פיפעץ פון יעדן קראנקן אף“ בא די ארימעלייט; זי פלעגט זיך קאהאלן און העלפן מענטשן אין צאר און אין דאלעס. און געהייסן האט זי מאינע, כאטש זיין כאווער דער דיכטער האט זי באצייכנט מיטן נאמען „טאלצע“.

האט מעינקע קאץ, טיף־באליידיקט פון א כאווער א דיכטער, גענומען די פען אין האנט און אויסגערופן: — „ס'האט דאס ווארט מיין באבע מאינע“. הערט: איך וועל דורך דעם מויל פון מיין באבען ווידעראמאל אייך ווייזן מיין פארמורזשעט, ארים שטעטל; איך וועל ווידער פאנאנדערוויקלען פאר אייך יענעם עמעס מיינעם אין דער פאעזיע, פאר וועלכן מען האט מיך אויפגעמישט דעם ייכעס פון מיינע זיידעס און באבעס. אויב עס גייט שוין אין ייכעס, זאגט מעינקע קאץ, איז לאמיר זיך פארמעסטן — לאמיר זען ווי גערעכט זיינען די וואס שרייען אף אלע ראגן, אז זיי זיינען די „רויטע אפאסטאלן“ אין דער אידישער דיכטונג און וואס איז דער אונטערשייד צווישן זיי און דעם עמעס, ווי איך, מעינקע קאץ, זע אים.

מען מוז מוידע זיין: מעינקע קאַן האָט זיך ווי אַנגעכאַפּט אַז דער געלעגנהייט זיך צוריקצוקערן צו זיין שטעטל — צו דער נאַגנדי־קער פאַרגאַנגענהייט פון זיינע לעצטע צוויי בענד פּאָעזיע. ער האָט זיך געוואָרפן אַף דער טעמע נאָך אַלץ ווי אַ דורשטיקער, ווי ער וואָלט געוועזן פאַרכאַלעשט פון דעם גרויסן ניו־יאָרקער מידבער — און אַפּט, ווען איר לייענט מעינקע קאַצן, דערשיינט פאַר אייך ניו־יאָרק ווי אַן אויסטערלישער מידבער — און וויל זיך אָנטרינקען באַ די קוואַלן פון זיינע אָוועס. ער קערט זיך אום צו זיינע אָוועס, ווייל ער האַלט — און ניט אָן רעכט, — אַז די וואָס האָבן אַקצעפּטירט די גרויסע שטאָט, די גרויסע וועלט אמעריקע אין אונדזער רעוואָלוציאָנערער דיכטונג, אַז די וואָס ווידמען זייער פּאָעזיע דעם אָרימען פּאָלק און שטייען אַפּן באָדן פון גרויסן עמעס פון קלאַסן־קאַמף, קאָנען ניט זיין קיין רעוואָלוציאָ־נערע דיכטער אויב די „באָבע טאָלצע" איז באַ זיי אַן אָביעקט פאַר כויזעק און לעצאָנעס. ער גייט נאָך ווייטער: לויט אים, קאָן דער וואָס באַשמירט זיין באָבען אָדער זיידן מיט סמאָלע און באַשטעקט זיי מיט פעדערן, דער וואָס זעט אין זיי נאָר בייז און בייז, כויזעק און כויזעק, קאָן ניט האָבן קיין ווארעם האַרץ פאַרן היינט און האָט פאַרשפּילט נאָך באַם לעבן זיין צוקונפט. אַז אַ וואַרעם, מענטשלעך האַרץ, איז נישטאָ קיין פּאָעזיע; אַז אַ וואַרעם, מענטשלעך האַרץ, קאָן מען ניט זיין קיין קעמפער און בעמיילע, קומט מעינקע קאַץ צום אויספיר, קאָן מען ניט זיין קיין פּאָעט.

ווייל ער דאַווקע נעמען זיינע אָוועס פונם קליינעם שטעטל, די אָרימע האָרעפּאַשניקעס, „דעם ייכעס פון מילנער, וואַלד־העקער און ווילע־פּליטן", דעם „ייכעס פון זיידעס גיבוירים, וואָס האָבן אַף פערד ווי אַף בליצן, צו די באַשערטע גערימן", — זיי וויל ער פאַרהעפטן מיט זיין לעבן און מיט זיין בליק אַף דער צוקונפט פון אונדזער וועלט; דאַווקע אין זיי וויל ער געפינען די שנור וואָס ציט זיך צו אונדזער רע־וואָלוציאָנער לעבן און פאַרוועבן אונדז סיי מיט זייערע בידנע מאַטער־נישן און סיי מיט דער ראָמאַנטיק פון די פאַרגאַנגענע, שטעטלשע צייטן.

עמעס, מעינקען פירט עס דערווייל ווידער אוועק פון דער טאָג־טעג־לעכערווירקלעכקייט, אָט די ווירקלכקייט וואָס האָט איז זיך דעם די־נאַמיט פון גרויסע קאַמפן און דעריבער אויך דעם פּולווער פאַר דער היינטצייטיקער דיכטונג. עמעס, אַפּן לייענער קען עס לאָזן דעם איינ־דרוק, אַז דורך זיין נאָכאַנאַנדיקן אָפּקערן זיך פון דער גרויסער ווירק־לעכקייט פון אונזער היינט — אין דעם אָוועד פון זיינע אָוועס, באַ־שאַפט זיך מעינקע קאַץ אַ מין עלפאַנטביין טורעם, וואו עס זיינען גע־

זעסן און געשימלט בירגערלעכע דיכטער און פֿון וואַנען זיי זיינען שוין ניט אַרויס. דאָרט זיינען זיי פֿאַרסטערנעט געוואָרן „אין זיך“, געוואָרן רעאַקציאָנער, געוואָרן באַשימפֿער פֿון דער רעוואָלוציאָנערער פֿרייהייט־באַוועגונג. ס'איז אָבער אינגאַנצן ניט אַזוי מיט מעינקע קאַץ, ווייל דורך זיין באָבע מאַינעס מויל באַהעפֿט ער זיין איצטיק לעבן מיט יענעם דאָכקעס קעגן וועלכן זיין באָבע מאַינע האָט זיך געראַנגלט. „אין דיין צימערל“, זאָגט די באָבע מאַינע דורך מעינקע קאַץ'ס פֿעדער, „זע איך פֿון מיינע עלטער־עלטער זיידעס דאָס דאָכקעס לעבן; באַ דיינע כורווע־ווענט האָב איך דערקענט פֿון דעם ווינט די זעלביקע נויט־געזאַנגען“. אַט די נויט־געזאַנגען, אַט דער דאָכקעס פֿון דער אָרימשאַפֿט אין דעם נייעם לאַנד, פֿאַרוועבט מעינקע קאַץ מיט אונדזערע פֿאַרגאַנגענע דווירעס, וואָס גיט אים איין ריכט־שנור, וואָס גיט אים די פֿליגל צו פֿליען ווייט פֿון יענע עלפֿאַנטביין טורעמס.

מעינקע קאַץ איז צו פֿריש, צו עכט אין זיין בילד און זיין פֿאַרב, ער האָט צופֿיל ליב די אָרימשאַפֿט, די וואָס ליידן דאָכקעס אַזוי ווי ער אַליין, ער זאָל קאָנען ערגעץ־וואו אַנטלויפֿן פֿון די עמעסן פֿון זיין פֿאָלק. אויב ער איז געגאַנגען אין מילכאָמע־שטעטל אין זיינע לעצטע צוויי ווערק „ברענענדיק שטעטל“ און ווידער צוריק צום שטעטל איצט, איז עס געווען נאָר קעדעי אַף זיין אייגענעם גייסטרייכן און פֿאַרבנרייכן אויפֿן אַרויסהויבן די טהאָמען פֿון ליידן, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין די פֿאָלק־מענטשן פֿון אַ מילכאָמע־דאָר און וואָס נאָר ער אַליין האָט אַזוי גרויל־האַפֿט, אייגנאַרטיק אויפֿגענומען. אויפֿנעמענדיק יענעם גרויל־לעבן, האָט מעינקע קאַץ — דער פֿולער אַטעאיסט — דאָך זיך געטונקט אין רעליגיעזע, אָפֿט פֿינצטערע בילדער און סימבאָלן, וואָס האָבן אָן צוויפֿל שאַקירט אַ גאַנצע ריי היינטצייטיקע שרייבער. זיי האָבן זיך געפֿרעגט: וואוהין רופֿט מעינקע קאַץ? צוריק אין בעסמעדרעש, צו דער שיינקייט פֿון אויפֿהענגען זיך אויף אַ רעצוע? זיי האָבן צוליב אייניקע שטריכן פֿאַרזען דעם גאַנצן מעינקע קאַץ, זיי האָבן פֿאַרזען דעם טיפֿן צאַר פֿון אַ גאַנצן דאָר אין דעם קליינעם שטעטל בעאיים דער גרויסער וועלט־מילכאָמע. ס'האָט אויסגעזען ווי זיי וואָלטן נאָר געוואַרט אַף אַ געלעגנהייט, ניט ווי שרייבער מיט ווירדע און פֿאַרשטאַנד, נאָר אָפֿט ווי קינדעריקע אינגלעך האָבן זיי זיך אַף אים געוואָרפֿן; באַהאַלטנדיק זיך הינטער צווייפֿלהאַפֿטער פּראָלעטאַרישקייט און רעוואָלוציאָנערישקייט, האָבן זיי געריסן פּאַסן פֿון זיין בילד, פֿון זיינע שילדערונגען, פֿון זיין נייער קראַפֿט, פֿון זיין ברייטערן, טיפֿערן פֿאַרנעם.

דער מענטש אָן פּניעס, דער וואָס לייענט ליטעראַטור אי צוליב

דער שיינקייט, אי צוליב דערלערנען עפּעס וועגן וועלט און מענטש, האָט אין מעינקע קאַצ'ס ווערק „ברענענדיק שטעטל", דערזען אַ דיכ־טער וועמענס אייגנאַרטיקער טאַלאַנט איז פּאָעטיש ווייט אַריבער די גרעניצן צו וועלכע די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור איז געווען געוואוינט. טראַדיציאָנעל אידיש, האָבן זיינע געזאַנגען אַ אוניווערסאַלן פאַרנעם, אַטעמען זיינע לידער מיטן צאַר פון אָרימאַן, מיטן געדעכטן קאַמף פון זיין קלאַס. זיין בילד איז אייגנאַרטיק, זיין אימאַזש רעאַל־פאַנטאַס־טיש, (אויב ס'איז מעגלעך אַזאַ קאָמבינאַציע), זיין פערז קרוכלע און רייצנדיק — זיין וואָרט פאַרבענקט און וועקט בענקעניש נאָך ווייטע ניט־דערגרייכטע צילן. אַזאַ דיכטער דאַרף מען אָפּשאַצן, ווערק פון אַזאַ דיכטער דאַרפן אַנאַליזירט ווערן.

נאָר עס זעט אויס, אַז אייניקע מענטשן אין אונזער פּראָלעטאַרי־שער ליטעראַטור זיינען אַזוי פאַרזאָיערט געוואָרן אין זייער אייגענעם איך, אַז זיי ווילן אויף אַלעמען אַנמעסטן זייער איינגעלאָפן הייבל. בלייבנדיק אויף די ערטער וואו זיי האָבן אָנגעהויבן שרייבן אין איין צייט מיט מעינקע קאַץ, האָבן זיי ניט געקאָנט, אפשר טאַקע ניט גע־וואָלט, דערזען, אַז מעינקע קאַץ איז אוועק ווייט פאָרויס פון זיי, אַז זיין טאַלאַנט האָט זיך אַנטוויקלט און געקרעפּטיקט. פאַר זיי איז ער געווען דער זעלביקער מעינקע קאַץ, וואָס האָט מיט אַריבער אַ צענדליק יאָר צוריק, צוזאַמען מיט זיי, אָנגעהויבן דרוקן לידער אין פּראָלעטאַ־ריש־ליטעראַרישע אויסגאַבן. אַזוינס פאַסירט גאַנץ אָפט בא מענטשן, וועלכע קאָנען זיך ניט צוגעוואוינען, אַז זייערער אַ שול־כאַווער, וואָס האָט זיי אויסגעזען צו זיין אַ שטיק שלימאַזל, זאָל מיטאַמאָל זיך אַרויס־שטעלן צו זיין העכער פון זיי מיט אַ קאָפּ. אָפט פאַרדריסט זיי אַזוינס און ווינציק וואָס זיי פּרובירן אים שטעלן מיט זיך אויף איין ברעטל, דורך גוט־ברודערישן קלאַפּן אין פּלייצע, זוכן זיי נאָך אים צו דערני־דעריקן דורך כויזעק און לעצאָנעס.

אייניקע פּראָלעטאַרישע שרייבער האָבן עס געפּרואווט מיט מעינקע קאַצן, וויזנדיק דערביי זייער גוואַלדאַוונע „מעווינעס" אויף לי־טעראַטור און פּאָעזיע. באַקומען האָט זיך אַזאַ מין „כאַווערישע קרי־טיק" — ווי זיי האָבן עס גערופן — פון וועלכער יעדער פאַרשטענדי־קער מענטש וועט זיך אָפּקערן, ביפראַט נאָך ווען דער מענטש איז אַזאַ סענסיטיווער דיכטער, ווי ס'איז מעינקע קאַץ.

אָט די „כאַווערישע קריטיק" — דער אָנפאַל און די פאַלשקייט פון דעם אָנפאַל — האָט ניט געקאָנט בלייבן אומגעענטפערט פון מעינקע קאַצן. ער האָט אָנגעהויבן דערפילן, אַז מען וויל אים דערני־דעריקן, ווייל ער זאָגט זיך אָפּ צו גייען אין דעם פאַלשן, שרייענדיקן,

פלאכן וועג פון אייניקע כאוויירים זיינע. לאנג האט עס אים גענמא־טערט ביז ער האט אויסגעפלאצט מיט דעם ליד „דער בראוווער פאכדן". מען מוז זאגן, אז סיי אין דעם ליד, סיי אין דעם ביינגעליינטן בריוול, נעדרוקט אין דער „מארגן פרייהייט" פון 14־טן אויגוסט, 1938, זיינען געווען א ריי גרונט־טאעסן, וואס זיינען געווען גאנץ כאראקטעריסטיש פאר מעינקע קאצן. זייענדיק פארביטערט קעגן דער אומגערעכטער „באווערישער קריטיק" קעגן אים, האט ער אנגעווענדט די סאמע אי־בערטריבנכטע פארגלייכן און עס האט זיך באקומען — אלנפאלס האט מען אזוינס געקאנט ארייננטייטשן, — אז ער גרייפט אן די גאנצע פראלעטארישע ליטעראטור. אויב אזוינס האט זיך געלאזט אריינ־טייטשן, האט עס אבער פון דער צווייטער זייט געשטעלט אין גארניט קיין שיינער ליכט די מענטשן וואס האבן אזוינס אריינגעטייטשט. זיי האבן געוואוסט זייער גוט, אז מעינקע קאץ איז א פראלעטארישער דיכטער, איבערגעגעבן דעם ארבעטער קלאס, און דאך האבן זיי אויפ־געהויבן אזא בארזש, וואס נאר קעגן א רעאקציאנער און קעגן א פא־שיסט הויבט מען אויף.

ווער עס האט געלייענט די אנגריפן קעגן מעינקע קאץ, דער האט אין א וואסערע דריי ארטיקלען געקאנט אנציילן עטלעכע הונדערט זידל־ווערטער — אויסער די פאלשע, לעכערלעכע „טעאריעס", — וואס דאס אליין דערציילט וועגן א ניט־געהויבענעם צושטאנד פון דער פרא־לעטארישער ליטעראטור. מעג ווער עס וויל טראכטן, אז ס'איז אן ערנסטער טאעס צו קאנסטאטירן טרויעריקע עמעסן וועגן פראלעטא־רישע שרייבער, — ווערן אבער אויפגעריסן די אויגן, ווען מען זעט ווי פרינציפנלאזיקייט און ציניזם ווערן די וועג־ווייזער אפילע פאר אייניקע דיכטער מיט נעמען אין דער פראלעטארישער ליטעראטור. פארוואָרפן מעינקע קאצן, אז ער איז „שיר ניט א פאשיסט", אז זיין „ברענענדיק שטעטל" איז „מויזנלאד רעצידיוו", אז ס'איז קאנטער־רעוואלוציאנער צו פארלאנגען פון אונדזערע דיכטער עכטע פאעזיע, הייסט באהאלטן זיך הינטער פראזן, וואס קנאקן אפט אויף די ליפן פון א באשטימטן מין גענזנפיס־רעוואלוציאנערן... בא אונדז זיינען פאראן דיכטער, וואס קאנען אנשרייבן א ליד, נאר ווען איר לייענט אזעלכע שטאמפאוו־נע שורעס, ווי „דאס גרויזאמע, פינצטערע ווארט פאגראם, וואס לע־כערט אין אידישן אויער", פילט איר, אז מען וואלט אנשטאט באפאלן מעינקע קאצן, געדארפט לעכערן דעם בלאטער פון געמאכטסקייט, גע־מאטערטקייט אין דער פ ר א ל ע ט א ר י ש ע ר ליטע־ראטור. ווארום ס'איז אט די הילפלאזיקייט, די פוסטע שרייערייי און באנאלקייט, וואס ווארפט זיך אמבייזסטן אפ אן עכטן דיכטער ווען ער

וואָגט צו דערמאָנען וועגן דער געפֿאַר פֿון פֿאַלשע, צוגעטשעפּעטע „רויטע עקן“ אין אונדזער דיכטונג, ווי עס האָט געטאָן מעינקע קאַץ.

מעינקע קאַץ איז ניט ארויסגעטראָטן קעגן דער פּראָלעטארישער ליטעראַטור. נאָכמער, ער איז ארויסגעטראָטן אין שוץ פֿון דער עכטקייט פֿון אונדזער ליטעראַטור. דאָס איז ניט נאָר זיין רעכט, דאָס איז זיין פֿליכט, אויב ער איז איבערצייגט, אַז די עקן זיינען פֿאַלשע, אַז דער באַראַבאַן פֿון אייניקע כאַווײרים איז אָנגעצויגן מיט פֿאַרראָסטן בלעך. אַפּילע אויב פֿון מעינקע קאַץ׳ס ליד „דער בראַווער פֿאַכדן“ האָבן זיך באַקומען אייניקע פֿאַלשע איינדרוקן, קומט אים נאָך ווייט ניט מען זאָל אים פֿאַרגלייכן מיט אַ פֿאַשיסט, ווי אורי צווי גרינבערג, אָדער באַהויפּטן, אַז זיין „ברענענדיק שטעטל“ איז „מויזנלאָך רעצידיוו“.

וואָרום, וואָס איז דער עמעס וועגן מעינקע קאַץ און זיין פּאָעזיע?

אָנגעהויבן האָט ער אין אונדזער ליטעראַטור מיט זיינע „דריי שוועסטער“. ער האָט זיך אין יענעם ערשטן בוך לידער זיינעם פּראָקלאַמירט ווי דער קעניג פֿון אַלע היימלאָזע קעץ און הינט. דאָס איז געווען אַ בוך וואָס האָט אין זיך געטראָגן אַלע סימאָנים פֿון איכטבראָדווייער דעגענעראַציע, נאָר מער פֿאַרשאַרפֿט און פֿאַרשפּיצט, ווי ס׳איז דאַן געווען די מאָדע בײַ די בירגערלעכע דיכטער. צוליב זיין אייגנאַרטיקן טאַלאַנט, האָבן מיר מיט מעינקע קאַצן זיך שטאַרק געשלאָגן. ער האָט ווידערווילִיק, ווי ס׳גייט אַף אַזאַ אַקשאָנעסדיקע נאַטור ווי זיינע, זיך גערוקט פֿאָרויס צו זיך, צו זיין קלאַס און צו זיין פֿאָלק. ער איז געגאַנגען ווידערווילִיק, נאָר ער איז דאָך דערגאַנגען צו זיין „מענטש אין טאָגן“ — אַ באַנד לידער, וואָס האָט אָנגעמערקט אַ שאַרפֿן ריס מיט זיין פֿאַרגאַנגענהייט, כאָטש אויך דאָ האָבן זיך אים נאָכגעשלעפּט די איסט־בראָדוייער הינטער־הויפֿן. נאָר דאָ האָט מען פֿאַר זיך דערזען אַ דיכטער אַ קרעפּטיקן — מיט כעסרוינעס, אָבער מיט נאָכמער איינגעבאָרענע מאַילעס. דאָ איז שוין זיין בילד און זיין יראַפּט אויסגעוואַקסן. און גאַנץ נאַטירלעך אַזוי — ווייל דאָ אין דעם צווייטן בוך, האָט ער שוין געשילדערט די ווירקלעכקייט פֿון אונדזער היינטצייטיק לעבן. דאָ איז פֿאַראַן דער געראַנגל פֿונם מענטשן, סיי דאָ אין לאַנד, סיי אין דייטשלאַנד, סיי אין כינע, סיי אין דעם אידישן אַרבעטער לעבן. די נאָענטע ווירקלעכקייט האָט אים געגעבן מער קראַפֿט, אַ שאַרפֿער געצייכנט בילד. ער איז שוין געשטאַנען אַף גאָר אַן אַנדער פּאָליוס, ווייט פֿון זיינע קראַנקפֿאַנטאַסטישע בילדער פֿון הינטער־הויפֿן מיט היימלאָזע קעץ און הינט. אין דעם „מענטש אין טאָגן“ זיינען שוין די לידער קימאַט אינגאַנצן אַף רעוואָלוציאָנערע טעמעס, רעוואָלוציאָנער באַהאַנדלט, דערפֿאַר

איז זיין פאַרב טאַקע האַפטיקער, זיין שורע עלאַסטיש בויגעוודיקער און זיין פערזן בעסער אָרגאַניזירט.

מיט זיינע לעצטע צוויי בענד: „ברענענדיק שטעטל", האָט זיך מעינקע קאַץ אַ רוק געטאָן מײַלן־ווייט פון זיינע „דריי שוועסטער" און פיל־פיל ווייטער ווי ער איז געווען אין „מענטש אין טאָגן". פאַראַן אָבער באַ אונדז אַזאַ מין „גרויסע טראַכטער" — האָבן זיי אַ בלעטער געטאָן דעם בוך און געפונען: אין „דריי שוועסטער" איז געווען גרויל, אין „ברענענדיק שטעטל" איז פאַראַן גרויל; דערפאַר איז „רע־צידיוו פון מויזנלאַד", דער איינציקער אויספיר אַט־פאַשעט, אַזאַ מין וואולגאַריזאַציע. ס'איז זיי שווער צו באַנעמען, אַז אין „ברענענ־דיק שטעטל", דאָרט וואו אונדזערע אידישע פאָלק־מענטשן זיינען אומגעקומען אונטערן פייער פון פיינטלעכע אַרמייען, איז דער גרויל אַן עכטער, אַזאַ וואָס מעינקע קאַץ האָט אַריינגעזאַפּט מיטן מילך פון זיין מאַמעס ברוסט. אין „דריי שוועסטער", ווידער, איז עס געווען פאַנ־טאַסטיש־צוגעטראַכטער גרויל — טאַקע דערפאַר וואָס מעינקע קאַץ האָט יענעם טראַגיזם פון מיכאַלישעק און סווינציאַן ניט געהאַט אויס־געלעבט אין זיך. דאָס גרויל־בילד, וואָס זיינע אויגן האָבן איינגעזאַפּט אין זיין קינדהייט האָבן אין „דריי שוועסטער" געקראָגן אַ פאַרקריפּלטן אויסדרוק, אים פאַרפירט אויף קרומע וועגן, ווי מעינקע איז אַליין מודה אין זיין „מענטש אין טאָגן". דער גרויל און צאַר פון מיכאַלישעק און סווינציאַן האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט ערשט מיט זעקס יאָר שפּעטער, ווען דער באַוואוסטזיין איז געוואָרן שאַרפער. איצט, מיט אַ געקרעפטיקטן טאַלאַנט האָט מעינקע קאַץ געבראַכט אַזוינס אין דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, וואָס פאַרשמייסט אין קאַף־האַקאַל די פאַנטאַסטיש־צוגעטראַכטע גרויל פון קעצישע הינטער־הויפן. דאָ גיט ער אונדז שוין דעם לעבעדיקן צאַרפולן לעבן פון זיינע אייגענע און נאָענטע, פון אונדזערע אייגענע און נאָענטע, אין דעם קליינעם ליט־ווישן שטעטל, בעאיים דער וועלט־מלחמה.

אונדזערע „גרויסע טראַכטער" וואָלטן געמעגט זיך אַ פרעג טאָן: צי איז דען מעגלעך פאַר אַן עכטן דיכטער, וועמענס טאַלאַנט אויך זיי האָבן ניט געוואַגט אָפּצופרעגן, ווען ער זינגט וועגן דעם וואָס איז אים אייגן און נאָענט, בלוט פון זיין בלוט און ביין פון זיין ביין, — צי איז דען מעגלעך צו זינגען מיט די זעלביקע טענער, מאָלן מיט די זעלביקע פאַרבן ווי באַם צוגעטראַכטן גרויל פון קעצישע און הינטישע הינטער־הויפן? ניין, ס'איז ניט מעגלעך! און וואָלטן אונדזערע „גרויסע טראַכטער" געווען בעקוועם צו זען, וואָלטן זיי עפּשער ניט פאַרפירט קיין פרינציפּנלאָזן ציניזשן אָנפאַל אויף מעינקע קאַץ, וועלכער האָט

גערארפט באַגריסט ווערן פאַר געבן אונדזער ליטעראַטור אַזאַ ווערק ווי „ברענענדיק שטעטל". איך זאָג נאָכאַמאָל: ס'איז פאַרדריסלעך ביז גאָר, וואָס דיכטער מיט נעמען און פאַרדינסטן אין אונדזער ליטעראַטור, האָבן זיך געלאָזט אָפּן זעלביקן וועג פון די „גרויסע טראַכטער", וואָס אָפּט ווייסט אײן גאָט אין הימל מיט וואָס פאַר אַן אַפּאַראַט זיי טראַכטן.

וואָלט מעינקע קאַץ אַליין געווען אַ מענטש וואָס טראַכט ניט דורכאויס מיטן האַרצן, וואָלט ער ניט אַרײַנגעפאַלן אין די שווערע, אײַדײַאישע טאָעסן, אין זײַן ליד „דער בראַווער פאַכדן". זייער אָפּט פאַלט אײַן: ווען אָט דער וואונדערלעכער דיכטער מעינקע קאַץ, וואָלט געקאָנט פאַראײַניקן זײַן באַוואוסטזײַן, זײַן מאַרך מיט זײַן האַרצן, וואָלטן מיר אין דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור געהאַט אַ דיכטער, אַ געניע. שוין היינט דערמאָנט ער אָפּט, און אָפּט שטײַגט ער אַריבער מיט זײַן טיפער בילדלעכער שילדערונג און מיט זײַן קראַפט, די בעסטע דיכטער בײַ אידן. פאַרגינט ער אָבער ניט, ווײַזט אויס, דעם אידיש האַרעפּאַשנעם פאָלק. דאַווקע מוז ער אַרײַנפאַלן אין יענעם סוביעקטיוון טאָן, וואָס נעמט אים אַראָפּ פון זײַן פּאָעטישער הויך, ווי עס ווײַזט די דירעקטע שילדערונג וועגן זײַנע קעגנער אין דעם איצטיקן בוך: „ס'האָט דאָס וואָרט מײַן באָבע מאַינע". די סאַטירע מיט וועלכער ער שנײַדט זיך אַרײַן אינם לײַב פון זײַנע קעגנער איז עכט, עמעסדיק, נאָר דער אָנגריף בלײַבט דאָך אַ סוביעקטיווער, אַ פּערזענלעכער. ס'איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן מענטש און מענטש. עס זײַנען פאַראַן אידן און צווישן אידן זײַנען פאַראַן אידיקעס. עס זײַנען פאַראַן דיכטער, וואָס וויפיל מעינקע קאַץ זאָל ניט האַלטן פון זייער דיכטונג, בלײַבן זיי דאָך פּאָעטן מיט באַשטימטע פאַרדינסטן, וואָס מען קאָן ניט אויסמעקן. נאָכמער — מעינקע קאַץ וואָלט ניט געדאַרפט האָבן דעם פאַרלאַנג אויסצומעקן אַזוינס, וואָס איז אים ניט געפעלן. פאַראַן ווידער אַזעלכע אָנגעבלאָזענע און אויפגעבלאָזענע דיכטערלעך און מענטשעלעך — און אויך זיי האָבן אַ רעכט אויף זייער לעבן. מעינקע קאַץ, אין זײַן צאָרן פאַר דעם אומגערעכטן אָנפאַל אַף אים, אונטערשיידט ניט שוואַרץ פון ווײַס, גוטס פון שלעכטס. דעריבער פאַלט ער אַרײַן אין פעלערהאַפטע אויסדרוקן און ער ווײַכט אָפּ פון דעם ווירדיקן וועג פון אַ דיכטער. די שאַרפקייט פון דער אַטאַקע אַף אים באַרעכטיקט ניט, ער זאָל, עמעס, אויף זײַן אייגנאַרטיקן און דיכטערישן אויפן, אָפּצאָלן זײַנע סאָנים מיט זייער אייגענער מאַטבייע.

צאָלנדיק מיט דער זעלביקער מאַטבייע, לאָזט זיך מעינקע קאַץ

ווידער אוועק אין זיין קליין שטעטל. און כאטש ער בויט זיך ניט קיין עלפאנטביין טורעם, בלייבט דאך אויגנשיינלעך דער פאקט, אז ער נעמט ניט אויף איצט די היינטצייטיקע ווירקלעכקייט. די גרויסע, ריזיקע, העראאישע קאמפן פון אונדזער צייט — ניט אין שפאניע, ניט אין כינע, ניט אין אמעריקע, ניט אין ערגעץ אף דער וועלט, האט מעינקע קאץ לעצטנס ניט באריערט. אפילע ניט דער גרויל און צאר פון די אידן אין אונדזער איצטיקער וועלט, וואס מוזן אנצינדן יעדן מענטשן און ספּעציעל דעם דיכטער, האבן מעינקע קאצן לעצטנס ניט באוועגט צו שרייבן קיין איינציק ליד. מעג ער ווי זיך ווארפן אויף זיינע אנפאלערס, בלייבט דער פאקט, אז איינער פון די וואס האבן אים אומגערעכט אטאקירט, פון וועמען מעינקע קאץ מעג ניט האלטן, האט דאך דעם העראאישן קאמף פון שפאנישן פאלק געווידמעט א גאנצן בוך, האט ער ווי אנדערע דיכטער זיך דאך אפגערופן אף די הייסע קאמפן, האבן זיי דאך באזונגען, עמעס, אף זייער שטיינער, די נויטן פונם פאלק. ס'איז אויך עמעס, אז פון שטאנדפּונקט פון פּאעזיע, האבן נאר א סאך פון אונדזערע היינטצייטיקע לידער א קנאפּן ווערט. נאר אויב א דיכטער, א פּראלעטארישער דיכטער ווארפט עמיצן פאר, אז זיינע לידער ליידן פון „רויטע עקן", און ער פילט אז ער האט טאלאנט, און מעינקע האט אים, געבענטשט זאל ער זיין, איז ער מעכויעוו צו געבן דאס עכטע ליד, איצט, וועגן די העראאישע קאמפן פון אונדזער צייט. אויב ער שווייגט, אויב ער רופט זיך ניט אפ, ווי עס טוען זיינע כאוויירים דיכטער, ווערט זיין שוויינגן פונקט אזא פארברעכן ווי די „רויטע עקן".

מעינקע קאצ'ס איצטיקער בוך: „ס'האט דאס ווארט מיין באבע מאינע", פּרובירט געבן אן ענטפער אף א ריי פראגן אין אונדזער פּאעזיע, הויפּטזאכלעך אף דער פראגע פון „רויטע עקן". ס'איז א פּאלעמיש בוך. נאר מעינקע קאץ האט אנגעשריבן ניט קיין טרוקענע און ניט קיין אנגעבלאזענע פּאלעמיק, נאר א לעבעדיקע, מענטשלעכע שילדערונג פון געשטאלטן און געשעענישן, סיי אזעלכע וואס האבן געלעבט אין זיין גערעכעניש, ווי זיין באבע מאינע, סיי אזעלכע וואס ער האט צוליב פּאלעמישע צוועקן אויסגעפאנטאזירט, ווי „דאס ריזעלע מאביר קורמויק". דורך די געשטאלטן, פירט ער ארויס צום פאדערגרונט זיינע פילאסאפיעס און טראכטונגען וועגן לעבן און מענטשן. און וועו מען זאל אפּרוקן אין הינטערגרונט דאס פּאלעמישע אינם בוך, וואס איז געוועזן מעינקע קאצ'ס הויפּט־ציל, וועט נאר אלץ בלייבן די וואונדער־מאיסע און עס וועט נאך אלץ בלייבן דאס וואונדערלעך בילד און אימאזש און עס וועט בלייבן די ווארעמקייט פון היים־שטראמיקן

בלוט, בעאיים ער צערעכנט זיך מיט זיינע אַנפּאַלערס, וואָס איז אויך אַ מענטשלעכער שטריך, — וועט דאָך איבעראַלץ בלייבן אַ פּאַטעטיש ווערק פאַר זיך, אָפּגעזונדערט פון דער פּאָלעמיק. און אין דעם ליגט אַ פּרוּביר־שטיין פון אַן עכטן דיכטער, אַ זאַך וואָס נאָר פּרינציפּנלאָזע ציניקער קאָנען פאַרווישן אונטערן האַנט און זיך וואַרפן מיט ווערטער וואָס זיי האָבן אויפגעקליבן אויף קליינבירגערלעכע מערק.

יע, ווידעראַמאָל האָט מעינקע קאַץ אויסגעהאַלטן דעם פּרוּביר־שטיין פון אַן עכטן, רעוואָלוציאָנערן פּאָעט. נעמענדיק פאַר אַן איידעם זיין באָבע מאַינע, פון וועלכער ער ציט די שנור ביז אונדזערע איצטיקע דוירעס, האָט ער בילדלעך־קרעפטיק אונדז געוויזן אַ וועלט „מיט דוירעס העקדעש אין די אויגן“, דורך וועלכן די באָבע מאַינע איז געגאַנגען „זוכנדיק אומזיסט די צוגעזאָגטע זונאויפגאַנגען“. די באָבע מאַינע איז געשטאָרבן אין צאַר, אַן אָפּגענאַרטע אין אירע האָפענונגען און אין די צוזאָגן פון דער טכינע. נאָר מיט זיין מערקווירדיקער וויזיע זעט מעינקע קאַץ, אַז זיין באָבעס „פאַרלאָשענע זונען וועט דער צעטראָטענער נעכטן שוין ניט געפינען“, נאָר — — —

אין מיין ביין, אין מיין בלוט — — —
איז דיין פאַרלאָשענער טאָג ערשט אויפגעגאַנגען.

ס׳איז ערשט אויפגעגאַנגען דער פאַרלאָשענער טאָג. ער האָט ערשט אָנגעהויבן דערזען דאָס גרויס, וואונדערלעך ליכט פונם מענטשלעכן לעבן, אזוי וואונדערלעך ווי מעינקע קאַץ איז אַליין. דער פאַרלאָשענער טאָג פון זיין באָבע מאַינע דאָרט אין מיכאַלישעק און סווינציאַן — אין אַלע אונדזערע שטעט און שטעטלעך פון דער אַלטער היים, האָט אים איבערגעלאָזט אַ ירושה ביז אונדזערע היינטיקע טעג. די ירושה —

ווערטער: איבער טורעמס, קרומע געסטלעך שטערן.
ווערטער וואָס הילכן פון שרייענדיקן שטאָל.
מיט באַשיידענעם רויש פון אַמאָל.
ווערטער — צאַרנדיקע סקווערן.
פאַרליבט ווי מיכאַלישעק, הונגעריק ווי סווינציאַן.
ווערטער דערוואַרגענע אויף טליעס, ווערטער טויטו־בלומען.
דערציילן וויפיל קלאַנג אין דער שטומקייט איז פאַראַן.
מיט וויפיל זון די שוואַרצקייט איז דורכגענומען.

מיכאַלישעק און סווינציאַן האָבן אים געפירט צו פאַרבינדן דעם גורל פון אָרימען, ערלעכן פאָלק, פון דעם קליינעם, אָרימען, אידישן שטעטל, מיט ווערטער — צאַרנדיקע סקווערן, ווערטער ווי שרייענדיקער שטאָל, וואָס הילכן מיט באַשיידענעם רויש פון אַמאָל; ווערטער ענלעך

אפן הונגער פון סווינציאן — אף דער פארליבטקייט פון מיכאלישעק. אזוי זינגען קאן נאר א דיכטער בא וועמען איז הארצן זינגט די ליבע צו וועלט און צו מענטש; א דיכטער וואס פילט, אז קיין שום אנפאלן וועלן אים ניט אפקערן פון זיין דיכטערישן וועג און אז זיין געזאנג גע־הערט צום הארעפאשנעם פאלק, צום ארבעטער קלאס.

איך וואלט געראטן די דיכטער וואס זיינען באפאלן מעינקע קאצן, זיי זאלן זייער אויפמערקזאם לייענען זיין איצטיק בוך, און אויב אפי־לע עס רירט זיי אן צו שארף, לאזן אן א זייט זייער קאעס, פארגעסן אביסל אן זייער ענגא און פרובירן אים פארשטיין. און אויב אפילע זיי וועלן געפינען, אז זיין ליד איז קרעפטיקער פון זייערס, אז ער איז זיי ווייט אריבערגעשטיגן אין דער פאעזיע, זאלן זיי ניט ווערן אויפגע־רעגט און ניט פרובירן זיך באהאלטן הינטער פארשטעלטע אנצוהע־רענישן און ניט ווארפן אים אין פאנים ארייַן קיין „פאשיסט” און קיין „מויזנלאך רעצידיוו”. דאס פאסט ניט פאר קיין דיכטער. ווען מען זעט א כאווער, א דיכטער וואקסן, דארף עס פרייען, דארף מען אים העלפן און ניט אים רייסן, קעדעי מיט דעם זיך אליין צו דער־הויבן...

וואס איז שאיעך מעינקע קאצן, ווילט זיך האפן, אז ער וועט זיך צו דער איצטיקער טעמע און צום שטעטל ניט אומקערן. (אין זיין „ברענענדיק שטעטל”, בוך III און IV, פארשטיי איך, וועט ער שילדערן די שטעטלשע מענטשן אין אמעריקע). ווארום ווי קרעפטיק און שיין ער זאל וועגן דעם ניט זינגען, און ווי בארעכטיקט זיין פאלעמיק זאל ניט זיין, איז אבער אונדזער וועלט אזא גרויסע און דער געראנגל פאר א נייער וועלט אזא הייסער, אז ס'איז פיל ווירדיקער און פיל נוצלעכער פאר א דיכטער צו פארווענדן זיין טאלאנט אף די פאלק־שלאכטן — יע, אף שפאניע, כינע, די אידן, אפן דעמאקראטישן פראנט און פאלק־פראנט — ווי אף פאלעמיק מיט אומגערעכטע אנפאלער. די אנפאלן, מעג מעינקע קאץ געדענקען, וועלן אים ניט שאטן. זאלן די וועלכע צווייפלען אין זייער טאלאנט ווארפן זיך מיט אייפער צו באשיצן זייער ענגא. א מענטש ווי מעינקע קאץ, מיט אן עכטן טאלאנט, דארף אזא מעטאד ניט אנווענדן. דער בעסטער סימען פון זיין גרויסקייט און נוצ־לעכקייט פאר זיין קלאס און זיין פאלק וועט זיין, ווען ער וועט אינ־גאנצן זיך מאכן ניט וויסנדיק וועגן די אנפאלן, ווען ער וועט זיך אויסלערנען לאכן הויך און הילכיק פון די „גרויסע טראכטער” און ער וועט זיך גיין מיט זיין וועג, וואס מוז אים פירן צו ווערן דער גרויסער רעוואלוציאנערער דיכטער פון אונדזער צייט.

וויליאם אייבראמס.

איך בין די באָבע — מיכאַלישעק.
פון מיין מאמעס ברוסט האָב איך געזויגן,
פון „ברענענדיק שטעטל” — די צעצונדענע שרעק.
איך בין די באָבע — דאַלעס, איבער אַ טבינע געבויגן.

איך בין די באָבע — דאַלעס:
דאָס האַרץ פון א בלוי אויפעלע דורך בלענד פון פראָסט.
מיין שרעק איז —
הירשע-לייב-טאַרשיש הענגענדיק — אין א פעטליע פון טפילן;
מיין שרעק איז —
אַף אַ הינטישן עק — אַ פּאָגראָמירטער טאַלעס,
וועז פאַר דעם כאָרעוון אָרנקוידעש פון א געשענדטן
בעיסמעדרעש,
פארגייט ער זיך אין אַ שיידימדיק בילן.

איך בין די באָבע — פאַרגאַנגענהייט,
נאָר גאָט קען ריידן פון אזוי ווייט.
אויב מיינע טעג זיינען ראָסט, אינגאנצן ראָסט,
האָט די צייט פאַרבלוטיקט דעם ראָסט.

איך בין טויט, שוין דוירעס טויט,
נאָר דורך מיינע אייניקלעך, בין איך דער טויטנדיקסטער צאָרן—
קעגן האָמאָנען און טאָרקוועמאַדאָן.
איך בין נאַכט, שוין דוירעס נאַכט,
נאָר אין וואונדן פון מיין פאָלק אָנגעטאָן,
בין איך אינגאנצן: רויטע פאָן —
בין איך דער טאָגנדיקסטער טאָג,
וואָס וועט די נויט, דעם שעד און דעם כוישעך פאַריאָגן.

אַמאָל איז געווען אַ מאַיסע:
אַ פאַרויכערט שטיבעלע, ווי פון וואָלקנס געבויט.
אַף דעם ערדענעם דיל — אַ פאַרלאָשענער הימל.
אין נאָענטן בעיסוילעם וואוינט דער טויט —
מיט א גוף פון גראָז, מיט אַ האַרץ פון שימל.

צו אַ שוואַרצן ערגעץ-ניט, די כמאַרעס רייזן,
באַגעגענען דעם פיינט — די ווייטע שיין.
דורך די פענצטערלעך, די אייביקע הויכן ווייזן,
ווי אייביק-אייביק, ס׳וועט אונדזער ליבע זיין.

די גריל ווערט ניט מיד די שאָען צו זעגן.
אַן אומעטיק גראָז פון אונטער א שטיין,
רייסט זיך פרעגן —
צי ס׳איז זומער אַף דער וועלט,
רייסט זיך הערן — אין גריל דעם אייגענעם געוויין.

מיין טאַטע דרעמלט און האַלט מיך באַם קלייד,
איך זאָל צום ליבסטן ניט אַנטלויפן
און איך בין נאָך אין טרוים פון זיינע רייד:
אַ קאַלע מיינע,
ווער קען א שפרינקעלע זילבער פון דער לעוואָנע קויפן?
און איך וועל פון לעוואָנע — דאָס גאנצע זילבער דיר געבן.
דאָס מינדסטע פליגעלע, איז א שאַ מיט גאָט און מיט די שטערן
און מיר וועלן אַ גאַנצן מעסלעס, דורך דער אייביקייט שוועבן.

אונדזער ליבע איז ענדלאָז-ענדלאָז,
נאָר ווײ, מיין קאַלע, וויי,
אויך די ענדלאָזיקייט האָט א ברעג,
אַן עידעס איז: די שרעק אין בעיסוילעמדיקן גראָז.

הער, אין קוימען — דער ווערגנדיקער ווינט,
דערמאָנט אָן מענטשן געהאַנגענע.
זע, אַף אַ פאַרנאַכטיק שויב,
איך און דו — דוירעס לאַנג-פאַרגאַנגענע.

אַ, קאַלע מיינע:
אַן איבערמאָרגן האָב איך געזען,
שפּראָצן פון דער פאַרליבטער ערד —
ער איז אין ערעוו-פרילינג געווען.
דורך יעדן בלעטעלע, האָב איך אים שעפּטשען געהערט:
„איך בין דאָס שיקרעס פון ניט-דערגרייכטע ווײַנען.
דורך שטאָק-פינצטערניש וועט מיר זיין באַשערט,
געפינען —
אַ בלאַנדזשענדיקן באַגינען;
נאָר ווײ, מיין קאַלע, ווײ —
די פרילינגדיקסטע פרילינגס וועלן אויך פארגעלן
און די טויטע זונען, וועט דער פראָסט צעשיינען.
דער ווייטסטער מאָרגן, וועט אַ ווייטסטער נעכטן זיין.
די אייביקסטע שיין, וועט דער אייביקייט ניט צעהעלן.
דער מענטש וועט קלייבן,
פון אַ לעגענדאַרישׁ פעלד — דאָס אויסגעקלערטע שניט;
אין אַכרים-האַיאָמים וועט בלייבן,
פון א געוועזענעם אָוונט — דאָס פאַרגאַנגענע גאָרנישטניט״.

מיין טאַטע דרעמלט און האלט מיך באַם קלייד.
איך זאָל צום ליבסטן ניט אנטלויפן
און איך בין אַלץ אין טרוים פון זיינע רייד:
ש-ש, מיין קאַלע, ש-ש-ש,
דער פּעטער שנייער איז דאָ,
אין אַזאַ קלאָרינקער שאָ —
אזויפיל בליאַסק האָט דעם קראַנקן כווישעך אויסגעהיילט;
ש-ש, מיין קאַלע, ש-ש-ש,
דער פּעטער שנייער דערציילט:
פון אַלע ליכטיקייטן איז אונדזער ליבע העלער, —
נאָר ווײ, מיין קאַלע, ווײ,
אַ העלסטער טויט — איז דער העלסטער שניי.

— — — — — — — —— — — — — — — — — —

מיין שטיבל איז אָרים, מיין שטיבל איז גרוי.
אַ פינגערל זון — אַ רעדעלע אומעט,
ווי אַ צעטראָטענע רויז, די גרויס —
דרייט ארום מיר זיך ארום, —
נאָר דעם אויבערשטן אַ דאַנק און א לויב,
ס׳האַרץ איז ניט אָרים, ס׳האַרץ איז ניט גרוי.
זע, אַף די לאַטעדיקע שויבן,
אַזאַ צויבערדיקע נאַכט איז ארויס —
אַ נאַכט מיט פייגל, מיט ווינט, מיט פלאַטערדיקן וואונדער,
מיט ליכט געווגג, אין ערשטער שאַ צו טאָגן.
אָי, ווען כ׳זאָל נאָר מיין אייניקל,
פאַר די געסט — די שטערן,
מער קיבעד — מער פענצטערלעך פאַרמאָגן.

אונטער דעם פרייליעכסטן פייער איז טרויעריקער אַש פאַראַנען.
דער בוים זעט זיך אין כאָלעם — אַ טהאַרע-ברעט
און די צווייגן אין ווינט שרייען גוואַלד,
ווען דער העקער רעדט פון דער שיינקייט פון וואַלד.

אין אַ פרילינגדיקן וואַלד נאָך מער געוויין,
ווען ליבע רופט די וואַנדער-פייגל אַריין
און ס׳טראָגט זיך פון געבורט — אַ האָפערדיק געשריי.
די ביימער, צו די הויכן זיך ציען,
ווי זיי וואָלטן רייסן זיך פליען;
דער פרילינגדיקער וואַלד ווערט גרין פון פיין:
— וויי! וויי!
דער העקער זאָגט — איך בין שיין!

## ס׳האָט דאָס וואָרט מיין באָבע מאָינע

הער, דער שטורעם דערציילט:
פֿאַראַנען מיצוועס וואָס זינדיקן אפילע אין גאַנעידן,
דורך זיי די שיינקייט, ווי אַף קוליעס גייט;
פֿאַראַן אַוועירעס וואָס זינדיקן ניט אפילע אין גערהענעם,
דורך זיי, דער גערהענעם — איז די וויינענדיקסטע פליט.

ווי ס׳גלוסט דעם הונגער צו דער זעט,
גלוסט די זעט צו דעם הונגער.
צום דורשט פון מידבאָר ציט דעם יאַם,
ווי ס׳ציט דעם מידבאָר צום אָנגעטרונקענעם יאַם.

דער רעגן וועט דעם שטויב קיינמאָל ניט פֿאַריאָגן.
דער שאָטן וועט פון ליכט זיך קיינמאָל ניט שיידן.
אין מאַירעוו מוז זיין נאַכט און נאכט,
איידער אין מיזרעך הויבט אָן טאָגן.

הער, דער שטורעם דערציילט:
דעם דונער איז באַשערט,
דעם פּיין פון שטאַמלער אויסצושרייען, —
דערפאַר איז דאָ אזויפיל שטומקייט אין דעם דונער,
אזויפיל דונער — אין גוואורעדיקער שטומקייט,
נאָר ווייַ צום שטאמלער וואָס וויל ווי דער דונער שרייען.

אַף אַ יאָגנדיקן באַן, זיינען אַלע וועגן באנען —
אין ווייט הילכט ווי שטאָל, דאָס ווינטיקע קלאָגן;
דורך די אימפּעטדיקע שויבן,
איז יעדע פלאַציקייט — אַ פליענדיקע רייף;
פעלדער הויבן סטאדעס בעק אין שווינדלדיקן לויף, —
אַף אַ יאָגנדיקן באַן, זיינע אַלע בעק באנען,
נאָר ווייַ צום באָק וואָס וויל ווי דער באַן זיך יאָגן.

הער, דער שטורעם דערציילט:
די רעציכע פון ניט פארקיטעוועטע שויבן
און די בייזע לאָדנס אין געשלעג מיטן ווינט,
קענען אַ ווינטערדיק שטוב צום פרילינג ניט הויבן.

אימירצעשעם, שפּעטער —
וועל איך די שענסטע באָבע־מאַיסע דיר דערציילן,
פון א שנייאיקן פּעטער,
מיט א קאָפּ — צען בערג, מיט פיס — טויזנט היילן.

דערווייל, אַ מאַיסעלע אַ פּראָסטע ווּעסטו הערן,
ווי עס שווערט זיך א גרויער שפּאָן:
איך בין דאָס גאַנצע זילבער פון די שטערן,
איך בין דער שטורעם, איך בין די רויטע פּאָן.

דערווייל, אַ מאַיסעלע, אַ פּראָסטע ווּעסטו הערן,
ווי עס טרומייטעוועט אַ שטרוי —
איך וועל דעם פייער אין ווינט פאַרצאַמען;
ווי עס ציגעט אַ ציגעלע — איך בין עלטער פון מיין מאַמען,
ווי עס כאָרכלט אַ בלאָטקעלע — איך בין דער יאַם:

פאַראַן אַ רויט, מיין קינד:
פון מיינע אייניקלעך, דאָס געשענדטע בלוט —
פון אַ רויט אַזאַ און פון דער נאַכט פון קוואָרים,
שפּינט דער ראָשע זיך אַ פאָן, —
איז די פאָן — אַ פאַרבלוטיקטער קנוט,
איז די פאָן — אַ פעטליע אין ראָשעס האַנט.
מיט זיין פאָן, מיין טויטן האלדז נאָך ווערגט ער.

אָי, דער האָמאָן בימעי אַכאַשווערעס — איז דער האָמאָן בימעי מיכאַלישעק.

אין נאָבעלן צילינדער, אין נעטן פראַק,
איז ער דער שעכטער פון וועלטישער באָינע.
מיינע טאַכריכים, שוין אזויפיל דורעס רייסט ער
און מיט די ריסן פון דעם הייליקן געוואַנט,
די זון פון מיין פאָלק אַלץ בלינדער פארהענגט ער.
אַ ליכטיקייט פון דעם בליאַסק פון גילאָטינעס ברענגט ער —
אָי, האָמאָנס ליכטיקייט!
און ס׳לויכט די האַק,
ניט נאָר איבער די מאַרטירער-אייניקלעך מיינע, —
ס׳לויכט אויך די האק,
איבער די שוין לעצטע גלידער פון דיין טויטער באָבע מאָינע.

פאַראַן אַ רויט, מיין קינד,
האָפערדיק ווי אַן ערשטער זונאויפגאַנג —
קלאָר, ווי דער ברעישים איז קלאָר פון זינד.
אַ רויט וואָס פלאַטערט איבער אייביקייט — אונדזער פאָן.
אַ רויט לעבעדיק, ווי ראַבי־אַקיוואָס טויט.
אַ רויט וואָס לויכט ווי בליץ אַדורך דאָס בלוט
און לאָזט דאָס הארץ אין צויבערדיקן גאַנג.

און פאַראַן אַ רויט מיין קינד,
וואָס קען ניט זיין קיין פאָן,
ווי ס׳קען א לויזער צאָן ניט זיין קיין שווערד.
אַ רויט, מיין קינד,
פון וואָס דעם שטאַרקסטן אַפילע, ווערט צומאָל באַם לעפּעלע
ניט גוט.
אַ רויט פון פיאַטע אַרויסגעקנייפּט, א פאַלשן וואָרט צו באַפאַרבן.

אַ רויט, אַ ריזעלע אַזאַ —
ניט פון רעגן, ניט פון זון וואַקסט ער.
אַ ריזעלע — אוּ־וואַ, אוּ־וואַ,
קעגן מיר, ווי קעגן סוינע טראָגט ער,
אַ טינטיקן טכויר, אַ וויסמן ביקס אַזאַ, אַף דעם „בראַוון"
אקסל, —
וואָס געווים ניט פון וואוילטאָג, האָט מיר פאַרגלוסט זיך שטאַרבן
און ניט קיין יאָנטעוודיקע מאַצעיווע, נאָר אַ וואָכעדיק ברעטל.
פון מיין פראָסטן ייכעס דערציילט:

„דאָ ליגט די גוטע באָבע מאַינע —
אָלעהאָ-האַשאָלעם, אָלעהאָ-האַשאָלעם.
אין יעדן ווינטעלע, זאָל זי דאַווידס האַרף הערן.
עיליאָהו-האַנאָווי, זאָל איר קומען צו כאָלעם.
אירע מיצוועס, ניט צו ציילן, ווי די שטערן.
בעכינעם האָט זי אין דאַלעסדיקן שולהויף,
געהיילט דעם פּיפּעץ פון יעדן קראַנקן אָף.
בעכינעם האָט זי פון שאַכרים ביז שפּעט,
פאַר דעם העקדעש — געוואַשן גרעט
און פאַר די ליידיקע טאָרבעס, די אַיענהאָרעס אָפּגעשפּראָכן.
מיט אונדזערע זונפאַרגאַנגען פלעגט זי טרויערן.
מיט אונדזערע באַגינענס פלעגט זי האָפן.
דורך בייטש און דורך יאָמער,
האָט זי געשלעפּט אונדזער גאַליקן אינדערוואָכן.
מיט איר לעצטן אָטעם,
האָט זי געהויכט דעם פראָסט פון אונדזערע שויבן.
אָי, ניט בעכינעם זאָל זי אַהין-אַהין אַרויף,
זיין פאַר אונדז אַ בעטערן דאָרט אויבן-אויבן
און דער וואָס לעבט אייביק-אייביק, —
אויב ניט פון גאַנעידן, די פאָדערשטע טויערן,
זאָל כאָטש אַ הינטער-טיר, האַלטן פאַר איר אָפן-אָפן”.

אַ רויט — אַ ריזעלע אַזאַ,
אַ ריזעלע — אוּ־וואַ, אוּ־וואַ,
האָט איבער דיין קאָפּ, מיין קינד,
מיין ייכעסדיק מאַצעיווע־ברעטל צעבראָכן
און האָט זיך אַפילע —
דאָס זינדיקע האַרץ ניט פאַרשטאָכן.

אַ רויט — אַ ריזעלע אַזאַ,
אַ ריזעלע, אוּ־וואַ, אוּ־וואַ,
רופט מיינע טאָכריכים, מיינע וויסטע ווינטערס, „באָבע־טאָלצע",
וואָס נאָך מיר און מיין פאַרהאָרעוועטן ייכעס ביסטו אַ נאָמען.
דער „סטראַטשער" מיל געדענקט נאָך די ערלעכע קאָרן־זאָמען,
פון מיינע עלטער־זיידעס, די מעליקע מילנער —
ווערמענס פראַצע האָט פעלדיש געשמעקט אַזש אין ווילנע.

**דאָס ריזעלע**

איז וואָס,
אַז ניט ווי ער,
פלעג איך אַף דעם זייגער פרעגן,
די גוטע זון און דעם שטאָלצן האָן,
אַז פונקט ווי ער, האָב איך מיט דריי פינטעלעך געשריבן.
איז וואָס,
אַז מיט א וויאַלן רויט, ווי פון פאַרוויאַנעטן מאָן,
קען ער וויאַנען אַף פרייד פון מאָרגנדיקע וועגן,
אַז ניט ווי איך, קען ער דערציילן —
די באָבע־מאַיסע, מיט דעם קונדעס — דעם בער,
אין כאַזער־געסל באָד,
וואו אַף דעם הייסטן פאָל,
האָט מען מיט אורקעס שוסטער־אָל,
צען לאַכעדיקע מענטשעלעך, פון בערישן בויך ארויסגענומען;
איז וואָס,
אַז מיט אַ גאַנצן שטורעם, קען ער אַ האַלב ווינטעלע
אויסזשומען,
אַז ניט ווי איך,
קען ער טאַנצן מיט פאַרמורזשעטע איינִיקלעך אַ זוניקע ראָד;
אַז ניט ווי איך,
קען ער די וואונדיקע טיפן פון זיין שטאָם ליבן.

אין קינדישע פֿאַרטאָגן,
איז מיין בלאָטיקע בענקעניש: מיכאַלישעק, סווינציאַן —
פֿון א פֿרילינגדיקן כאָלעם — דער גאַנצער בלוי.
אין קינדישע פֿאַרטאָגן,
איז מיין אמאָל — אַ קינד:
אַף אָנגעגליטע פֿעלדער — דער קילנדיקער טוי.
דורך שטאָלענעם געזאַנג פֿון נייאינקע שטעט,
איז מיין אַמאָל — דער שוואונג פֿון יעדער בויענדיקער האַנט;
איז מיין אַמאָל — דער אימפּעט פֿון א נייעם באַן,
וואָס נעמט צום ערשטן מאָל זיך יאָגן.

## דאַס ריזעלע

אַ רויט — אַ ריזעלע אַזאַ,
אַ ריזעלע — אױ־װאַ, אױ־װאַ,
װײיזט באַ דער הײליקסטער פּאָן,
אַז ניט ער, נאָר באָבע־טאָלצע איז געװעזן,
אַ מעשונעדיקסטע שפּין — אין טאַכריכים אָנגעטאָן;
װײיזט באַ דער הײליקסטער פּאָן,
ניט איר לעבן — אַ מאַלאַך פון אַ שעד צעריסן,
נאָר אירע מיצװעס — הינקענדיקע װעזנס;
װײיזט ברואים קװאָרימדיקע נאָך איר לױפן:
קראַנקע לעװאָנעס, צעבױגענע קישעף־רײפן,
אַ מױל אין שאָטנס פון בעיסױלעם אײנגעביסן;
װײיזט באַ דער הײליקסטער פּאָן,
פון אירע קאָשערע נעגל — אַ קאָשמאַרן־שפּיז,
צו פּײניקן אַלץ װאָס רויט איז:
אַ רויט — אַ ריזעלע אזא,
אַ ריזעלע — אױ־װאַ, אױ־װאַ.

אָ, צען מאָל בראַװע אײניקלעך מײנע!
אָ, טױזנט מאָל בראַװע אײניקלעך מײנע!
איר װאָס שטעקט ניט װי מאָרדכאַי דעם קאָפּ, אונטער אַש אַ זאַק:
זײט צען מאָל שטאָלץ, זײט טױזנט מאָל שטאָלץ,
מיט די גוטע, טבינעדיקע „באָבע טאָלצעס".

אַ רויט — א ריזעלע אזא,
אַ ריזעלע — או־וואַ, או־וואַ,
האָט א „גיפּטיק, רויט־פּרעסעריש״ פּאָנים,
מיין קינד דיך אָנגעטאָן.
דעם ליגן באַהאַלטן, אונטער דער גערעכטער פּאָן
און מיט אַ וואָרט וואָס שמעקט מיט בלוט פון אַ שאַקאַל,
האָט ער, קעגן דיר, טפו, מיינע סאָנים,
דורך מיין צעגריזשעטן סקעלעט — אַזאַ קאַצניאָמער געשאַלט:

„העי מיאַאו או מיאַמיאַאו או
מיאַמיאַ מיאַמיאַאו או מעינקע קאַץ
ס׳איז ניט אַמאָל
ווען מיט העלדישער רובאַשקע אַף רויטן סקווער
פלעגסט קלוימערשט קומען
מיט אונדזער קאָל
רעוואָלוציע ברומען
קלוימערשט לענינס וואָרט מיט פאַרשטאָפּטן אויער הערן
קלוימערשט קעגן סוינע צילן קוילן
און גיך ווי אַ נערוועזע פלעדערמויז אין שרעק פאר ליכט
מיט פּאָעטישע קרילעס זיך אומקערן
צו די דריי שוועסטער דיינע געליבטע גרוילן

„און דאַן
אין באַהעלטעניש פון אַ זעלבסטפּיין קאַמער
אָן ראָסטיקע טשוועקעס דעם קאָפּ קלאַמערן
קעדעי צו פאַרוקן דעם וועלטישן קאַמף
אין אַ שפּעלטל פון אַ פאַרזשאַווערטער זאַוויעסע
קעדעי צו פאַרהילן די דווירעסדיקע קראַמפּן
מיט אַ שלייער פון פּאָוועטינע
קעדעי טאַלאַנטלאָז און שיקער
פון טשאַפּסואי באַגריפן און גיפטיקע ווייַנען
דער רויטער פאָן אַ צונג שטעקן
און דער איקער דער איקער
זינגען פּאַסקווילן קעגן מיר און קעגן לעגינעז
סזאָל פאַר אינזיכיסטן ווערים און פאשיסטן קלעקן
ברודנער פייער אונדזער ריינעם עמעס צו פאַרברענען
אַבי סזאָל די פינצטערניש אין עכטן ליד שיינען
העי מיאַאו או מיאַמיאַאו או
מיאַמיאַ מיאַמיאַ מיאַאו או

„העי מיאַאו או מיאַמיאַאו או
מיאַמיאַ מיאַמיאַ מיאַאו או מעינקע קאַץ
דו מיט טוכלען וואַרשטאַט פון קוואָרימדיקן מאָך
באַם מיט שימל אויסגעבעטן מויזנלאָך
איך בין איך בין איך בין
דער רויטער רויטער רויטער זינגער
פון אַ רויטן גראָז פון אַ רויטן האָז און א רויטן נאָז
דו דו דו א דענעמאַרקער שפין
אַ ווערימל וואָס איז אַראָפּ פון זינען
און ראָיעט זיך א געלעגערל ווערימדיקווייך
ווען איך גיי און גיי און גיי
פאַר דער פאָן אַזש פון דיכטערטראָן אַראָפּ
און ווער און ווער און ווער
פון העלדישקייט און רעציכע בלייך
ווען כהער און הער און הער
דאָס בראַזגען זיך דאָס שפּאַלטן זיך פון יענעמס קאָפּ
איך בין איך בין איך בין
דער רויטער רויטער זינגער
פון אַ רויטן גראָז פון א רויטן האָז און אַ רויטן נאָז
מיאַמיאַמיאַמיאַמיאַאו או
מיאַמיאַאו או מיאַמיאַאו או או״

נאָך אַ וואונדער, אַי אַ וואונדער,
וואָס אין דיר, האָט ער, מיין קינד,
דעם הער רויטמאָרד ניט דערזען,
דער וואָס פירט באַנאַכט די זון אַ בלינדע —
דער וואָס גאַנוועט דעם פּיסק, דורך אַ כאָלעם אריין
און זופּט אויס
דאָס וואַכע בלוט פון שלאָפנדיקע קינדער —
שעפּטשענדיק:
מיידעלע דו פיין, יע פיין־פיין,
אַמאָל איז געשען, יע געשען,
אַ מאַיסעלע פון גליק —
טשיק־טשיק! כיק־כיק!
מיידעלע דו פיין, יע פיין־פיין;
דער וואָס גאַנוועט דעם פּיסק דורך אַ כאָלעם אַריין
און זופּט אויס,
דאָס וואַכע בלוט פון שלאָפנדיקע קינדער,
שעפּטשענדיק:
אינגעלע דו מיין, יע מיין־מיין,
אַמאָל איז געווען, יע געווען,
אַ גוטינקע שטריק —
שטיק, שטריק! שטיק, שטריק!
אינגעלע דו מיין, יע מיין־מיין —
טוליע זיך, קוליע זיך, קול־קול־קול,
טשיק־טשיק! כיק־כיק!

נאָך אַ וואונדער, אַי אַ וואונדער,
וואָס אין דיר האָט ער מיין קינד,
דער הער רויטמאָרד ניט דערזען —
דער וואָס פליט,
דורך דעם קוימען, ווי דורך אַ פאַרוויכערט האַלדז ארויס,
לאָזנדיק דעם זומער — מיט פראָסט צעגליט,
לאָזנדיק פוסטע וויגעלעך — פול־פול־פול:
מיט שטיקער סאַזשעדיקער באָרד.

דאָס ריזעלע, אַי דאָס ריזעלע — אַף די אויפגעבלאָזענע שטאָלצן,
האָט אַ פּען — א פּארמיסטיקט האָלץ:
אָנשטאָט אַ נאָז — אַ גראָבן פוס-פינגער,
אָנשטאָט א מויל — אַ ווערטערדיקן ראַק,
אָנשטאָט אַ פּלייצע: „איך" — א פולן זאַק,
אנשטאָט אַ קאָפּ — אַ באַראַבאַן-קלינגער.

אָ, ניין! אָ, ניין!
ניט דער העלד — דער באַראַבאַן,
וואָס פירט צום זיג פּאָרויס,
אַן אַרמיי, ווי אַ געוויטער, אין געמאָסטענעם שפּאַן.
אָ, ניין! אָ, ניין!
ניט אין גאַלאָפּ — דער באַראַבאַן,
וואָס יאָגט דורך קאָכעדיקער ערד,
פריש-געקעמטע, אַזש פליענדיקע פערד —
ניט פון א וויכערדיקן האַרבסט — דאָס פרילינגדיקע שאַלן;
נאָר אַ באַראַבאַן — אַ זשאַווערדיקע לאַטע, —
א קלונג א דומפּער,
וואָס שפּרינגט פון אַ קוואַקעדיקן זומפּ ארויס:
„קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ-קוואַ,
זעט —
איך בין דער וועלטס פּאָעט,
איך וויל זינגען מיין האַס קעגן מערדער פון געדאנק.
איך וויל זינגען פון אלע געזאנגען דאָס געזאנג:
איך וויל זינגען פון אַ באפרייטן טאַטן;
ש-ש-ש! ש-ש-ש! שטיל-שטיל-שטיל!
איך וויל זינגען און קען דעם טאָן ניט כאַפּן —
איך וויל! איך וויל! איך וויל-וויל-וויל!
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ-קוואַ.

„אַי, איך־איך־איך שעל־אוילעם —
איך וועל פאר דיר אַן „איכעלע״ קוואקען:
אַי, אַן איכעלע, אַן איכעלע,
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ־קוואַ —
אַי, איך! איך! איך! — איכיך־איכיך־איכיך!

„אַי, איך אָם! אָם! אָם! — איכאָם! איכאם! איכאם!
אַי, איך לאָם! לאָם! לאָם! — איכלאָם! איכלאם! איכלאם!
איך טידל־לידל, לידל־טידל אָם!
איך לידל־טידל, טידל־לידל לאָם!

„אַי, וואו קען איך מיך יע געפינען?
וואו קען איך מיך ניט געפינען?
אז וואו איך שטיי — איך!
אז וואו איך גיי — איך!
איך! איך! איך! — איכיך! איכיך! איכיך!

איך אָם! אָם! אָם! — איכאָם! איכאם! איכאם!
אַי, איך לאם! לאָם! לאָם! — איכלאָם! איכלאָם! איכלאם!
איך טידל־לידל, לידל־טידל אָם!
איך לידל־טידל, טידל־לידל לאָם!

„אַי, מיזרעך — איך! מאַירעװ — איך!
דאָרעם — איך! צאָפן — איך!
איך! איך! איך! — איכיך! איכיך! איכיך!
אַי, ראַק איך! אָבער איך! ווידער איך! נאָר איך!
איך! איך! איך! — איכיך! איכיך! איכיך!
אי — — — כיך!״

אָ
/
/
האָ

אַז דאָס ריזעלע בלאָזט די שטאָלצן אויף,
באָם פּאַפּירענעם פוטער, באָם טינטיקן ברויט —
טאַנצט די אייביקייט אַף אַ טעלער אַרויף
און רעוועט „רויט" און קוויטשעט „רויט" און ריטשעט „רויט":
אָ
/
/
האָ

איצט האָרך מיין קינד:
מיט שטאָלצן — אַפילע רויט,
האָט נאָך קיינער ניט פאַרנאַרט דעם טויט —
ס׳ריטשענדיק ריזעלע, מיט דעם שטאָלן מיצעלע,
דער קורצינקער, דער קונציקער, דער פיצענונציקער,
מוז פאַלן
פאַלן
פאַלן
פון די שטאָלצן, די אויפגעבלאָזענע אַראָפּ
אַראָפּ
אַראָפּ
און מיט דעם נאָז — דעם גראָבן פּוס-פינגער,
זיך זוכן ערגעץ — א פּאָנים, אַ קאָפּ.

און ס'הייסט דאָס ריזעלע, אַי, דאָס ריזעלע: מאַביר־קורמויק,—
אַ גראָשן — די ברייט, אַ ליגן — די הויך.
אַ פלי — אַ זייפנבלאָז,
דורך פעלדער אויסגעקלערטע גראָזן:
אַ וואולקאַן — אַ קייקעלע רויך.

דאָס ריזעלע, אַי, דאָס ריזעלע, מאַביר־קורמויק,
באַפּאַלט ווי אַ ניטגוטער, זיין קראַקעדיקן פּויק.
און שרייט
מיט כאַרכלענדיק האַלדז — דורך קורצינקער ווייט:
בו־בו־בום — איך פּויק טאָרנאַדאָ־געזאַנג! —
איז זיין קאָל, ניט קריץ פון צאָן מיט צאָן,
איז זיין קאָל, ניט געוויין פון אַ שטומען, —
נאָר ווי אַ לעצט געקריי פון אַן אויסגעקרייעטן האָן,
וואָס קרייעט הייזעריק און לאַנג:
קו־קו, קו־קו־קו!
ברו־ברו, ברו־ברו־ברו!
פון מאָרגנדיקן שטורעם, בין איך — דאָס טויטנדיקסטע ברומען.

דאָס ריזעלע, אַי, דאָס ריזעלע, מאביר־קורמויק,
זשאַווערט אין בראַוון בלוט פון אונדזער פאָן.

קו־קו, קו־קו־קו!
ברו־ברו, ברו־ברו־ברו!
אַז ס׳האָט דאָס ריזעלע באַפוילן:
האָבן זיך געקרימט די גלייכסטע טעג,
איז די פרייד געווען — אַ טינטער שלעק,
אַן אייביקייט, מיט פאַרשניטענע יאָרן —
אַזש פון ברעישים, אַלע פרילינגס, האָט אַ וואָרט פארפראָרן.

אַז ס׳האָט דאָס ריזעלע באַפוילן, —
האָט אַ קלאָר פויגעלע, אין טינט אַ בלאָטע זיך געצוואָגן,
האָט דעם אָדלער — אַ ווערימל געטראָגן;
רויטער זשאַווער האָט געשוואָרן: איך בין זונאויפגאַנג,
מאַיסע דאָרן, איז אַ שטרויעלע געפלויגן —
דעם שטשירנדיקסטן שעד, אויספיקן די אויגן.

קו־קו, קו־קו־קו!
ברו־ברו, ברו־ברו־ברו!
אַז ס׳האָט דאָס ריזעלע באַפוילן,
האָט אַ טרוים, ווי א שפּאָן זיך אָנגעצונדן,
האָבן זונען זיך געלאָשן,
ווי אין אַ פראָסטיקן אויוון — נאַסע קוילן;
דעם וואָלף, האָט א פליגעלע פאַרטריבן,
דעם שטורעם, האָט א פעדימל געבונדן;
אַז ס׳האָט דאָס ריזעלע באפוילן:
איז פון יאַם, אַ בלעזעלע געבליבן,
אַלע ווייטן, האָט אַ ווינקעלע פאַרשלאָסן, —
געלעגן איז די שיינקייט, ווי אַ פּאַדלע צעשונדן.

דאָס ריזעלע, אַי, דאָס ריזעלע מאַביר־קורמויק,
האָט מיט טינטיקער בלאָטע אָנגעטאָן,
דעם נאַקעטן רויט פון אונדזער פאָן —
(ס׳קען דער שיין פון פוילן האַלץ, דער זון ניט ליבן.)
שמייכלט ס׳ריזעלע — שטייף און אָקוראַט
און ס׳האַלטן רויטע קנעפּ, זיין גרויע פרייד,
פאַרקנעפּלט קעגן זוניקן אומעט;
שמייכלט ס׳ריזעלע, לויט דער לעצטער מאָדע —
דעם בראַנדיקן געזאַנג פון שטורעם,
נעמט ער ארום
מיט טויזנט סקריפּנדיקע אָדעס,
נאָר ווי צום צוגעקלעפּטן וואָרט וואָס וויל א נאכטיגאל זיין —
פון אַ נאַכטיגאַל איז נאָך קיינמאָל קיין פליי־פליגלען ניט
געבליבן.

פון טינט אַ בלאָטע, אָי, וואָס איז בלאָטיקער:
דאָ האָט דער דורשט אַליין ניט געטרונקען;
די לעוואָנע, ווי אין כאָלעם, אַ שיקער,
האָט קוים דאָ דורכגעהונקען.

אַ פּאָלנדיק שטיינדעלע האָט דאָ קיין רינגען ניט געלאָזן.
אַ ווינטעלע — דאָוויד־האַמעילעכס האַרף,
האָט ווי אַ צעלעכערטער בלאָז־זאַק געבלאָזן.
דורך פלאַקער פון ליכטיקסטן „אָקטאָבער״,
האָט דאָ ניט מיט ריזן געטאַנצט דער ווינט,
האָט אַ געוויטער צום טאַקט פון ריזעלע געהונקען,
ווען פון מויל און אויערן האָט אים דער טינט —
פעט און איבלדיק גערונען.

פון אַ טעמפּן וואָרט, אָי, וואָס איז טעמפּער?
אַ פאַרשאָלטענער שטיין,
וואו אַ רויב־פויגל אַפילו וואָלט דעם שנאָבל ניט שאַרפן.
פון אַ בלינדן וואָרט, אָי, וואָס איז בלינדער?
אַן אויסגערונען אויג, וואָס גיט ניט אפילו קיין געוויין.

אַז אַ טורעם איז — אַ מאַיסעלע פון ריזן,
אָ, וויפל מאַיסעלעך ביסטו — ניו-יאָרק?
אַז אַ ווינטעלע איז — לעגענדע פון אַ ווייטן דאָר,
אָ, וויפל לעגענדע אין אַ שטורעם?

און אויב פון ריזן און לעגענדעס, איז אונדזער דאָר שענער,
איז אַ ריזעלע אַצינד פון זיך אַליין קלענער —
די גראָבע טרוימען, דורך קיין שפּאַקטיוו ניט צו דערזען, —
נאָר אין אַ שטורעם,
לויפט אויך אַ שפּענדעלע, מיט הילצערנער שרעק;
אין אַ שטורעם,
שוועבט אויך ווי אַ פּאַן, אַ דורכגעווייקטע טראַנטע,
פליט אויך אָדלערדיק, אַן אויסגעשפּיגן ברעקל.

דורך דוירעס וואונדן, ווי דורך דעם טרויעריקסטן זונפאַרגאַנג,
ווען פון יעדן פרילינג, האָט הוילער פראָסט געבלענדט,
ווען געשריי פון קראָען, האָט פאַרטויבט דעם נאַכטיגאַלס
געזאַנג,
ווען פון ברעג ביז ברעג, האָט די ערד, אַ געהענעם געברענט,—
ווי גרוי און גרוי, איז דאָס רויטע ריזעלע געווען.

דאָס ריזעלע, אַי, דאָס ריזעלע — מאַביר־קורמויק, —
אַ גראָשן — די ברייט, אַ ליגן — די הויך;
אַ פלי — אַ זייפנבלאָז,
דורך פעלדער אויסגעקלערטע גראָזן,
אַ נעשאָמע — אינגאַנצן בויך,
וועט ניט פאַרשטעלן —
פון וואָר — די לעגענדע, דעם וואונדער איבער וואונדער,
וועט מיט וואָרט געפייגערטן, דער פינצטערניש ניט העלן.

איך האָב געזען — זשאַווער דורכגעגעסענעם,
רוימלען זיך אין זונאויפגאַנג;
נאָר רויטער זשאַווער דורכגעגעסענער,
איז נאָך קיינמאָל ניט געווען קיין זונאויפגאַנג
און ס׳האָט נאָך קיין פלאָקן ניט פאַרשריבן,
דעם בראַנדיקן שטורעם — אַף אַ קראַקעדיקן פויק;
„אַלע גרילצערס, פון מיצראַיעם ביז אַצינד:
גרילצן גלייך, מיין קינד, — ״
נאָר ווײ,
דאָס ריזעלע, אַי, דאָס ריזעלע — מאַביר־קורמויק,
האָט מיט סקראָבנדיק געשריי, אַ ווײלינקע פאַרטריבן —
די פרייד: די נאַכט, די פייגעלעך און די קינדער.

# דער בראַוּוער פאַכדן *

* „דער בראַוּוער פאכדן״, ווערט דאָ געבראַכט ווי אַ דאָקומענט, אַרום וועלכן ס׳איז אָנגעפירט געוואָרן די „דיסקוסיע״ — דער אָנפאַל קעגן מיר.

אייביק וועט דער פּאכדן,
פֿאַר מיין שטאָלצער באָבע מאָינע זיך שרעקן —
ס'זאָל מוישע־ראַביינוס צויבער־שטעקן,
פֿון מאָכיקן שלאָף זי ניט וועקן;
זי זאָל אַ טויטע און אַ לויטערע פֿון אוראַלטן קייווער ניט קומען:
פֿון זיין קאָל — צעבויגן דאָס בלעכענע ברומען,
מיט איר אָטעם, די אויפגעבלאָזענע שטאָלצן צעבלאָזן,
מיט איר בלוט, דעם וואסערדיקן רויט פֿארמעקן
און נאָר דעם כאָרכל פֿון דעם כאָרכלער לאָזן.

אייביק וועט דער פּאכדן,
אַף טונקעלן שטעג דעם טרוים באַפֿאַלן
און דרייען זיך הייליק און ריטשען גערעכט:
„העי, פּאָעט, אַהער גיב פֿרייד,
פֿרייד — פֿאַר אומעטיקע קנעכט;
העי, פּאָעט, אהער גיב שטראַלן —
ליכט — פֿאַר בלינדע קנעכט.
איך בין א היינט מיט טאַמען פול, ווי מיט זאַפֿט געשמאקע סעדער.
דעם נעכטן, האָט שוין די צייט דערוואָרגן,
דעם מאָרגן — פאר קריינ־כליכט באטלאָנים;
דעם היינט גיב אַהער, אהער דעם היינט.
פֿון דיין ליד שיינט בעיסוילעם־שרעק.
דיין ליד — אַ טוכלער וועג צום מויזנלאָך:
ניט שטעק דיין וואנזין אין אונדזערע מונטערע רעדער".

בראַוואָ, בראַוווער פּאַכדן —
דיין בראַזגנדיקער רוף,
וועט געוויס פון דרימל, אַ ציטעריק העזעלע וועקן,
נאָר איך וועל צום שלאַכט ניט פירן
מיין ליד, מיט שטרויענעם גוף,
אויב אַפילע, טויזנט מאָל רויט צעצונדן.
מיט גוואורע פון שטרוי, ווי קען מען בערג רירן?
דעם מעכטיקן פיינט, ווי וועסטו שרעקן,
אויב אַפילע, ער זאָל אליין זיך בינדן.

דיין וואָרט — אַ מילב מיט פאַנטאַסטישן פויסט,
מאָנט פרייד — אַ פלאָקן די גרויס,
וואָס קען נאָך אומעטיקער זיין?
פון גרויע רייד — אַזאַ שטורעם,
וואָס קען נאָך גרויער זיין?
פון גרויע רייד — אַזאַ שטורעם,
ווער קען דערהערן?
מיט האַרץ פון שטאָל, מיט רואיק בלוט,
ווי קען מען שווערן?

אָי, ברידער פון נעכטן — אָי, שוועסטער פון מאָרגן:
עס שווערט מיין הארץ, עס שווערט מיין בלוט,
אייך וועלן ניט בייזע ציין צעקריצן.
אייך וועט ניט גרייכן דעם פאכדנס רוט.
איך וועל מיט האַרץ און מיט בלוט אייך שיצן.

אייביק וועט די אומעטיקע אַלטקייט יונג האַלטן די וויינען.
אייביק וועט דער ווייטססטער מאָרגן,
געאַרעמט מיט דעם ווייטססטן נעכטן,
דורך צויבער פון נאָענטסטן היינט שיינען.

דיין צאָרן — אַ פייער־ריז,
גענוג געווים דעם אומעט פון א פליגעלע פאַרברענען —
וואָלט נאָר דיין האַס געבן, דעם פיינט אין אויג אַ גראַבל;
וואָלט נאָר דיין פלאַם קענען, אַ פּראָסטיק שטיבעלע באהייצן.
ס'פלאַצט דיין וואָרט ווי „ליכט" אַ מאַבל,
גענוג אזש — די נעכט פארפלייצן,
גענוג מיט שטראַלן — דוירעס שיך צו פּוצן —
נאָר מיר ווערט פינצטער־פינצטער פון אזויפיל ליכט
און מיר ווערט טרויעריק־טרויעריק פון אזויפיל פרייד.
און נאָר דיין פרייד קען מיך שרעקן,
ווי אין אַ מאַיסע־ביכל — אַמאָל־אַמאָל,
אין מיכאַלישעק, באַנאַכט, אַרום בעיסוילעם:
ווען א גוילעם מיט אויסגעקלערטן קאָל,
מיט אַ שעד־געזיכט און אַ טאַכריכים־קלייד,
פלעגט די מייסים, מיט א פריילעך האָפּקע וועקן.

ווייל דו ביסט אומעטיק ווי טויזנט „קוני־איילאַנד" זונען,
איז אומעטיקער פון אַלע אומעטן דיין פרייד;
ווייל פריידיקער פון אלע פריידן, קען דעם דיכטערס אומעט זיין,
האָבן מיינע טעג, אזויפיל אומעט געפונען
און ווי ס׳קען אויך די פינצטערניש דורך העלסטער פרייד שיינען,
שיינט אויך די פינצטערניש דורך מיין ליד.

איך גיב דיר אלע טייכן פון רינענדיקע קראַנען,
איך נעם אַ טראָפּן — פאַרקלערטן טוי.
איך גיב דיר אַלע רעגנבויגנס פון ווערטערדיקע ראַקעטן,
איך נעם פון אַלע פייערן — אַן איינציקן פונק
און האַלט האָב איך אזוי:
אַן איינציקער פונק, דורך אלע פינצטערנישן שפּאנען
און האַלט האָב איך אזוי:
זיין אליין דאָס ליכט וואָס העלט דעם כווישעך ארום מיר.

איך האָב געזען,
אַ פונק — אַלע פייערן פאַרשטעלן;
איך האָב געזען,
אַ בלינדן נעכטן — דעם מאָרגן צעהעלן.

איך האָב געזען,
דעם אָקטאָבער. ווי טויזנט מאַיען בליען;
איך האָב געזען,
דעם שענסטן פויגל אויך פון וואָרים זיין יעניקע ציען
און איך וועל ווי דער פּאכדן זיך ניט שרעקן,
מיין וואָרט אויסטאָן נאקעט, אַפילע אין מויזנלאָך.

איך האָב געזען,
אַ נאַכט אַן ענדלאָזע טאָגן;
איך האָב געזען,
אַ שטורעם — דעם פּאכדן פאַריאָגן.

און ווען פון צופיל בראַזגען ווערט אויך טויב דער וויסטער
בראַזגער,
שטומט אַ טפילע אויס, דער איינזאַמער פּויק:
קום, אָ בראַוועֶר פּויקער, קום —
ווי זאָל איך אויסבענקען די וואָלקנס,
אַז ניט דער רעגן,
נאָר אַ האָגל האַרטע רייד פּויקט אין מיר,
קום, אָ בראַוועֶר פּויקער, קום;
שטומט אַ טפילע אויס דער איינזאמער פּויק:
קום, אָ בענקשאַפט — קום אָ ליבסטע קום,
ווייל אנדערשט איז אָן דיר מיין פרייד — פון פרייד,
ווי אנדערשט ס׳איז א דופּטיקע פינצטערניש אין פרייען פעלד—
פון אַ פאַרמישפּעטער פינצטערנ׳יש אין טויטנקאַמער
און קום, אָ, טרויעריקע פּליִט, —
גיב א טונקלקייט וואָס נאָגט ביז לויטערסטן שיין,
אָ שיין וואָס נעמט אדורך ביז טונקלקייט.
אָ, גיב אַ פרייד וואָס שוידערט אויף ביז טרערן —
אַ פרייד, אָ טרויעריקע פּלייט,
וואָס הויבט די טיפן אויף,
און טראָגט זיי ביז דער בענקענדיקסטער הויך ארויף —
אָ, גיב אַ פּיין וואָס זאָל יאָנטעוון די וואָך.

אַמאָל איז געווען אַ מאַיסע:
אַ פאַרויכערטע שטיבעלע, ווי פון וואָלקנס געבויט.
אַף דעם ערדענעם דיל — אַ פאַרלאָשענער הימל.
אין נאַענטן בעיסוילעם וואוינט דער טויט —
מיט א גוף פון גראָז, מיט אַ האַרץ פון שימל.

אַי, מיכאַלישעק, מיין ייכעס מיט בלאָטעס ציכטיקע,
מיט באָבע־מאַיסעס: פאַרמורזשעטע קינדער אין מאַלאָכים־שפילן;
מיט דעם ווייטן וויליע־טייך,
וואָס קומט דעם דורשט באַ דיר שטילן.

אַי, מיכאַלישעק, מיין ייכעס מיט פינצטערנישן ליכטיקע —
מיט דער באָבעס עפשערס און דעם זיידנס פאַרוואָסן,
פון געמאָרע־פינגער — דער זיבעטער שאָטן פון אַ שאָטן
וואו ווינטעלעך קעמען פרום די קומסע־גראָזן,
וואו יעדעס זעמדעלע איז — נעס, יעדעס ווערימל — גאָט.

דורך מיר —
דיין פרילינגדיקער אומרו וואָס טרייבט די ערשטע אייז־קריעס,
דער ציטער פון אינגלעך און מיידלעך באַ דער וויליע,
ווען פון יעדער כוואַליע ווערט אַ וואַסער־מיידל געבאָרן
און דאָרט —
אין האַלב־נאַכטיקער איימע פון פעטער־כאַיעמס קוזניע,
שלייפט דער פאַרליבטסטער — דעם קינעדיקן מעסער.
דורך מיר,
די פאַרבענקטע כורוועס — פאַלנדיקע מעטעאָרן;
דיין שמאָלסטע שטעגעלע — פון אלע וועלטן גרעסער.

דורך מיר,
דיין האָס פון כאַזער־געסל, די דראַקעס פון צעבונטעוועטע יונגען,
דורך מיר,
דיין בלינדער האַרבסט, וועט אייביק פון טויזנט פרילינגס זינגען.

דורך מיר,
פון דיינע בעטלער — די וואָגלענדיקע שטרעקעס,
ווען באָרוועס און הויל,
פאַרוואָרפן —
הינטער אַ פאַרלאָשענעם דאָרף,
קאָרטשען זיי דער שרייענדיקער נאַכט, אזוי איימעדיק־שטיל
און זעען דעם קלאָלעדיקן כצאָס ווי אַ ראָשעס זינד די גרויס,
ביז ווי טאָרבעס גרויל נעמען זיי טאָגן;
און דורך מיר,
דער עלנט פון קאָהאָלשע הינט מיט צעשמיסענע פעלן:
דאָס רעציכעדיק גזביל.
וואָס וואַגט דעם פראָסט און דעם הונגער פאַריאָגן.

מיכאַלישעק, טונקעלע וואָר — העלע לעגענדע:
האָסט מיר געגעבן —
ווערטער, ניט מיט זאַטע זאַפטן פון אַ סעפּטעמבער-לעבן,
וואו שטערן ליגן שיקער, אַף פול-אָנגעגאָסענע ווײַנטרויבן, —
נאָר וואו אין פאַרצירעוועטע זעק — אַ געפּייגערטער זומער,
שרעקט מיט דאַלעס און מיט פראָסט — די אָסיענדיקע שטיבער.

האָסט מיר געגעבן:
ווערטער — זקיינים, מיט לאַסט פון סיווער כאָכמע געבויגן
און ווערטער — אַף פאַרבאָרגענע שפּאַצירן,
ווען אין פאַרליבטן בלוט, קאָכט לעוואָנעדיק שווייגן
און רעגעס אײַלן, אײַנע די אנדערע זיך פאַרפירן.

ווערטער וואָס שפּילן אוים — אַ יונגע אייביקייט,
ווי עס שפּילט יונג דער אוראַלט — אין גלוסטנדיקן ווײַן;
ווערטער וואָס יאָגן,
דורך אייביקער נאַכט, דער ראָד פון דער זון.

מיכאַלישעק, טונקעלע וואָר — העלע לעגענדע:
האָסט מיר געגעבן —
ווערטער — שווערע, גוואורעדיקע קעמלען,
מיט געדולד פאַר ענדלאָזע מידבאָרס געלאָדן, —
גרייט דורך ווילדן שאַקאַלן־ווייט,
דעם דורשט אין בריענדיקן זאַמד צו באָדן.

און ווערטער גרינגע מיט דער לייכטקייט פון שיין,
וואָס טאָגן אויס אין טויטנהויז די פרייהייט.
ווערטער, דורך וועלדלעך — שטאָק־פאַרלאָשענע,
וואָס שאַרן זיך אַף וואונדן, דעם סוינע אויסצושפּירן.
ווערטער, אונטער טויזנט שלעסער פאַרשלאָסענע,
וואָס ניט שעד און ניט מאָרד קען רירן.

ווערטער: איבער טורעמס, קרומע געסעלעך שטערן.
ווערטער וואָס הילכן פון שרייענדיקן שטאָל,
מיט באַשיידענעם רויש פון אַמאָל.
ווערטער — צאָרנדיקע סקווערן,
פאַרליבט ווי מיכאַלישעק, הונגעריק ווי סווינציאַן.
ווערטער — דערוואָרגענע אַף טליעס, ווערטער — טויטן־
בלומען,
דערציילן וויפל קלאַנג אין דער שטומקייט איז פאַראַן,
מיט וויפל זון, די שווארצקייט איז דורכגענומען.

אָי, מיכאַלישעק —
איבער מיין דאַרע קינדהייט ביסטו אריבער:
מיט שפּאַן פון אַ טאָרנאַדאָ
און פון אַלע געזאַנגען געלאָזן נאָר סקעלעטן־קלאַנג.
האַרמאַטן האָבן דיין ציגענעם באַגינען אויסגעפּליקט,
ווען ס'האָבן ציגן, מיט טאָגנדיקע בערדלעך געשיקט
דעם מאָרגן־שטערן — אַ גוט־מאָרגן, גוט־יאָר.
אָי, מיכאַלישעק — וואונדיקער אַש פון אַ טויטנדיקן זונאויפגאנג.

דורך מיר — דעם ראָשעם פייער־רוט,
די בייזע בסורעם פון א קראָענדיקן פאַרנאַכט,
וואָס איז געזונקען, איבער דיין יעדן דאַך.
איך האָב דיר געזען: אין שטורעם — אַ וואָיענדיקן דאָרן.
אָי, דאָרן, פון אַלע בלומען ביסטו מיר ליבער.
אָי, מיכאַלישעק, ווי זאָל אין דיר ניט זיין געראָטן —
מיין פרייד, מיין ליד און מיין בלוט,
אַז דורך מיר —
לויכט דיין טויט, דיין זון און דיין גוואורע אַזש פון צוואַנציקסטן
דאָר.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ גוטן טאָג, מיין נאָענטער אייניקל — מיין ווייטע פרייד:
אין דיין צימערל,
זע איך פון מיינע עלטער-עלטער זיידעס דאָס דאַכקעס-לעבן,
זע איך דעם עלעקטרישן גאָט פון ניו־יאָרק פאַרשעמט,
מיט דעם זעלביקן ניטגוטן, ארום אַ טרויער-ליכטל שוועבן, —
זע איך מיין שטאַרקן שטאָם צאַנקען, אין דעם זעלביקן שימער
וואָס פירט אַף דער סטעליע אום — רויכיקע שלאַנגען;
באַ דיינע כורווע-ווענט, האָב איך דערקענט,
פון דעם ווינט — די זעלביקע נויט-געזאַנגען.

אַ גוטן טאָג, מיין נאָענטער אייניקל — מיין ווייטע פרייד:
נאָך מיר און מיין שטאָלצן ייכעס ביסטו אַ נאָמען —
אַ ייכעס פון מילנער, וואַלד־העקער און וויליע־פליטן,
אַ ייכעס פון זיידעס — גיבוירים,
וואָס האָבן אַף פערד, ווי אַף בליצן, צו די באַשערטע גערימן —
אַ ייכעס, באַם ייזקער — מיט שימשענען צו דערמאָנען.

אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע באָבע מאַינע:
מיכאַלישעק — דער פאַרליבטער העקדעש,
האָט מיט בולקע נאָך אַלץ ניט אָנגעביסן
און הונגער — דער העסלעכער עקדעש,
רייסט נאָך פריצייטיקע קריע־ריסן.

אין כאזער־געסל, זעט מען נאָך קיין סעדער ניט גרינען, —
אין די פאַרשאָלטענע כורוועס, גרינען נאָך בעטלערישע קינדער
און איבער די קרומע שטעגעלעך, האָבן נאָך די שליטע
ניטגוטע גייסטער.
צעקנייטשטע האַרבסטן, קלאָגן נאָך אין קוואורע־שטיבל.
איבער דעם אויסגעוואַשענעם גרויל פון דער מיטע,
הענגט נאָך די לעוואָנע, ווי אַ גאַזלענס זילבער־טייסטער.

אויסגעווײנטע באָבעס דורך טהילימדיקן כצאָס,
זוכן פאַר דיר נאָך אַלץ —
לעוויאָסנדיקן ברויט, לעוואָנעדיקן זאַלץ
און קענען פאר דיר נאָך אַלץ,
קיין גאַנעידן־אָרט ניט געפינען.

אַ גוטע נאַכט, אָ, גוטע באָבע מאַינע.
מיט דוירעס העקדעש אין די אויגן,
וע איך דיר — א לעבעדיקע טכינע,
איבער מאַיסים־טאָיווים געבויגן;
זע איך דיר,
זוכנדיק אומזיסט — די צוגעזאָגטע זונאויפגאנגען;
נאָר דיינע פארלאָרענע זונען,
וועט דער צעטראָטענער נעכטן שוין ניט געפינען.
אין מיין ביין, אין מיין בלוט,
איז דיין לאַנג־פאַרלאָשענער טאָג ערשט אויפגעגאנגען.

פון דעם זעלביקן מעכאַבער:

דריי שוועסטער —————————— 1932;

דער מענטש אין טאָגן —————————— 1935;

ברענענדיק שטעטל (בוך I, בוך II) —————————— 1938